# אַ וואָרט.

כאָטש די מאָטיוון פון בערטע קלינגס לידער זענען אינדי־וויזדועל־פּערזענלעכע, איז אָבער דער תוך־טאָן זייערער אַ טיף־אידישלעכער, אַ טראַדיציאָנעל פאָלקסמיטלעכער. איך האָב געלייענט אָט די קורצע שורה׳לעך, און ס׳האָט אָנגעהויבן אָטמען אויף מיר מיט לעבעדיקער סביבה פון אַן אַלטער יחוס׳־דיקער שטוב. פון ליד צו ליד וואַנדערט אָט־דער תמימות׳־דיקער ציטער פון אַ שיינקייט וואָס צאַנקט. דער ניגון, וועל־כער גייט אויס אין זיין טונקעלן שבת־בין־השמשות. אַ ניגון פון גאָט־פון אברהם, וואָס אַ מאַמע לערנט איר ערשטער חתונה־געמאַכטער טאָכטער. אויף דער מאַמעס ליפּן ציטערן די הייליקע, אין איר בלוט און לעבן איינגעזויגענע ווערטער: עפּעס אַ ניט זעבערקייט פיניקט דאָס געפיל. אַ ניט זיכער־קייט אין דער דאָזיקער ירושה וואָס זי לאָזט איבער, וואָס זי ענטפערט איבער נאָך בּאַ איר לעבן; ווער ווייס וואָס דער פון וועט ווערן נאָך איר טויט.

ניט אין איין שטוב אונדזערער דאָ אין נייעם לאַנד, האָט אַזוי גיך געקאָנט אַרויסגעטריבן ווערן די נשמה פון דער פאָלקס־טראַדיציע וואָס איז אונדז נאָכגעגאַנגען און נאָכגע־שוואומען אַלע וועגן און וואסערן. אין דער פריער ליטעראַטור אונדזערער דאָ אין אַמעריקע, האָט זיך אָט דער טראַגישער איבערגאַנג ווייניק־וואָס אָפּגעשפּיגלט. ווייניק וואָס האָט מען זיך צוגעהערט צו דער צאַנקענדיקער נשמה פון דעם אַלטן לעבנסשטייגער אין די היגע אידישע הייזער. און ס׳איז אַ גרויסער שאָדן דאָס דאָזיקע פאַרזען און פאַרהערן דעם פאַרביקן טרויער־שפּיל פון אַזאַ פיינלעכן מאָמענט. וואו ניט וואו אין אַ דערציילונג ביי ראַבאָי׳ן פינקלט דורך אַ דינער אָפּשיין

דערפון. ווען ניט ווען אין איין איידעלן פערז פון לאנדוי׳ן וויברירט א לויטערער־לויטערער אפקלאנג דערפון. אין די לידער פון בערטע קלינג, אין דער פשוט׳קייט און געוויינט־לעכקייט זייערער פילט זיך דער ווי׳ פון אויסגייענדיקער יחוס׳דיקייט. זי דערמאָנט עס כמעט ניט אין אירע שורות. עס איז אָבער דאָ אין דער שטילקייט וואָס באַלייטן די שורות, וואָס וויגן איין די שורות און פאַר׳חלומ׳ען זיי אין טרוימ־לאָזער שטילקייט.

בערטע קלינג געדענקט ניט נאָר ווי איר מאַמע האָט זי אין איר קינדהייט מדריך געווען, נאָר אין די עטלעכע צערט־לעכקייטן, וואָס זי רעדט צו, אָדער וועגן אירע קינדער, דער־מאָנען מיר זיך אונדזערע מאַמעס און באָבעס. זייערע תחינות און דעם ניגון פון די תחינות זייערע. און דאָס איז דאָס שיינע און אמת׳ע, וואָס שלאָגט אין הארצן פון איר ליד. דאָס איז אויך זייער מאַמעדיקער און אידיש־פרוילעכער חן, וואָס רירט אונדז ביז קינדערשער פרייד און אומעטיק־שטילן פאַרטראַכטן זיך.

י. י. סיגאַל.

איך שטיי ביים פענצטער,
איך לויף צו דער טיר —
די רגע דערוואַרטן,
זאָלסט קומען צו מיר.

ווי נאָר דו קומסט
אין מיין חדר אַריין,
ברענגסטו מיט דיר
אַ זוניקן שיין.

ווי נאָר דו גייסט
פון מיין חדר אַרויס —
אַזוי גייט מיט דיר
מיין ליכטיקייט אויס.

ניט דו מיהסט זיך
פֿאַר מיין פֿרייד;
ניט עס קימערט
דיר מיין לייד.

עס האָט דיין גלייכגילט
זיך פֿאַרוואַנדלט
אין אַ שטיין אַ קאַלטן,
וואָס טראָגט מיין פֿרייד באַהאַלטן...

איינס נאָך איינס,
ביזן מינדסטן פינגער
האָסטו
אויף מיינע נעגל אָנגעטראָטן.

האָסט ניט געוואוסט —
האָב איך געשוויגן,

אין דער שטיל,
אין קאַלטן וואַסער
די טרערן
פון די פינגער אָפּגעוואַשן.

טאָמער
וועט דאָס לעבן אונדז
אויף צווייען איבעררייסן,
אויף לעבנס
צוויי צעטיילן,
גוטע אָדער שלעכטע —
סאַיוווי איז פֿאַרפֿאַלן.

וועל איך מיינע גוטע
און די שווערע טעג
איבערטראַכטן
דריי מאָל יעדן טאָג:

צי דיין מאָלצייט
איז אין צייט.

אין די שפּעטע שעהן
פֿון מיין יעדער נאַכט
וועל איך איבערטראַכטן:
צי איז דיין געלעגער ווייך...

איך האָב צוגעמאַכט די אויגן —
האָבן שטיינער זיך געצויגן
פאַר די אויגן.

האָבן שטיינער זיך געטוליעט
שטיין צו שטיין.
האָב איך דיך דערזען
שטאַרק און קאַלט:
אַליין — אַ שטיין פון שטיין.

און איך...
אַ שטיקל זייד
זיך טוליענדיק צום שטיין.

ווינטן
פון יעדער זייט
שלאָגן
אָן דעם שטיין,
דאָס זייד.

איז צעפעדימט שוין דאָס זייד,
קלאַמערן זיך
פעדים איינציקע
צום שטיין — אַליין.

פון דיין צימער
וואו דו לייענסט
נאַכט נאָך נאַכט —
פאַלן פאַסן ליכט
ווי טויטע הענט
אויף מיינע שלאָפנדיקע ווענט,
שרעקן מיך,
וועקן מיך
די טויטע הענט
אויף מיינע
שלאָפנדיקע ווענט.

קום צו מיר —
נאָר ניט דערגיי צום לעצטן טראָט.

רעד צו מיר —
נאָר ניט דערזאָג
דאָס לעצטע וואָרט.

זאָל
דאָס ניט־דערגאַנגענע,
דאָס ניט דערזאָגטע
זיין דאָס ליכט,
וואָס זאָל אונדזביידן
דורך
די וואָכעדיקע טעג,
אייביק
אונדזער גאַנג באַלייכטן...

האָסט מיך צוגעדריקט
צו זיך
און ניט געוואוסט,
אַז אַ קנעפּל פון דיין אַרבל
האָט מיינע האָר פאַרצויגן
און געריסן.

האָב איך צוגעמאַכט די אויגן,
פאַר פרייד און ווײ
די ליפּן זיך געביסן,
און געשוויגן.

די גאָלדענע שעהן
פון זוניקן טאָג,
ביז אין דער נאַכט
אין קיך פאַרבראַכט.

די ווייסקייט פון מיינע הענט
אין קיך פאַרשווענדט
פאַר דיר א מאָלצייט צוצוגרייטן.

ווען אַלץ איז פאַרטיק,
דער טיש — געגרייט —
ביסטו אַ זאַטער אין שטוב אריין,
צומאָל ניט אָנגערירט דעם וויין,
די מאכלים אויפן טיש —

איך,
מיינע הענט —
האָבן
איינער פאַרן צווייטן
זיך פאַרשעמט.

אַזוי ווי
ס׳איז זיכער פֿאַר איינעם,
וואָס לעבט נאָר אין שרעק
פֿון טויט,
אַז צום סוף
וועט דער טויט צו אים קומען,
וועט אים פֿון טויט־שרעק באַפֿרייען —
אַזוי
וועט דאָס לעבן
דעם וועג מיר פֿאַרלויפֿן,
און וועט
איינס נאָך איינס
די שרעקן פֿון לעבן
מיר ווייזן —
ביזוואַנען
אַ שטראָם פֿונ׳ם לעבן
וועט דיך
פֿון מיין לעבן
פֿאַרטראָגן.

ווען דו וואָלסט הערן מיין געדאַנק,
מיין שטיל געבעט;
ווען דו זאָלסט זען —
וואָלסטו זען און דערזען,
אַז פֿאַר דיר
זענען מיינע בעטנדיקע הענט
צו גאָט געווענדט.

ווי געלאָדענע וועגן
אין אַ שלאָפנדיקער שעה
ביינאַכט,
פאַרטומלט דיין שוויגן
מיין רוישיקן טאָג...
שרייט מיין בענקשאַפט
העכער פון דיין שוויגן ;
בענקט מיין בענקשאַפט
ווי די נאַכט
נאָך רו.

אַז איך זע אַ פּאָר,
וואָס לעבן אָפּ די יאָרן
אין קריג,
וועמעס לעבן ציט זיך און ציט
ווי אַ לאַנגער שנור
פון שפּיזן,
און האָבן רייסנדיק
די לייבער זיך צעריסן —
דאַן
קומט מיר אויפן זין
דו און איך.

אין אַ ראָמאַן,
אָדער אין לעבן,
אַז איך באַגעגן
כישוף׳דיקע וועגן:

נאַכט, בענקשאַפט,
אויף אַ טייך
לבנה־שיין —

דאַן וויל איך,
אַז קיינער זאָל ניט זיין
דאָרטן,
נאָר דו און איך.

— אַז איך טראַכט פון שלאַכט
זע איך מיינע זין
— אויף פרעמדע וועגן
פאַרגיי איך זיך אין אַ געבעט:
גאָט!
איך זאָל עס ניט דערלעבן...

אַז איך גיי צווישן אַלייען,
באַלויכטענע הייזער שטייען
גלייכע אין די רייען
— מיט פּנים לאַכנדיק צום הימל
און אַז איך דערזע אַנטקעגן
— פּאַרלאָזן, אַן איינגעפאַלן הויז
קומט מיר אויפן זינען
מיין הויז.

פאַר דיר
געשפּילט די גאַנצע נאַכט —
אפשר וועסטו קומען...
זאָלסט ניט וויסן, אַז איך וואַרט,
האָב איך
זיך שלאָפנדיק געמאַכט —
אפשר וועסטו קומען...
אַזוי
די גאַנצע נאַכט געוואַרט,
די אויגן צוגעמאַכט —
אפשר וועסטו קומען...

איצט,
אַז דאָס צימער איז לער,
הויכט דיין געשטאַלט
פון דיין פאַרבליבענעם רויך.
דערציילן
פאַרשוויגענע רייד
פון שרעק און פרייד,
דיין הויך
אין די צעגאַנגענע רינגען פון רויך...

ווי הייסע ריטער אויפן לייב
זענען דיינע טרערן
אויף מיין געמיט געפאלן...

איצט משפּט מיך
מיין צעוויטיקטער געמיט,
און בייגט
נידעריקער נאָך
מיין קאָפּ אַראָפּ.

די שווערע מי
פון מיינע וואָכעדיקע טעג
גיב איך דיר אַוועק.

די שעהן רו
פון מיינע יום־טוב׳דיקע טעג
גיב איך דיר אַוועק.

חלומות
פון מיינע וואַכע נעכט
מיט בעטנדיקע הענט
צו דיר געווענדט...

נאַכט, — — —
ווייל עס האָט די הייסע זון
דעם לאַנגען טאָג די ערד געבריט,
פילן מיר נאָך אין דער נאַכט
אירע הייסע טריט.

ווי דער אויסגעהויכטער אָטעם
איז די לופט אַרום,
און אַלץ ליגט מיד און שטום.
פון די פענצטער, ברייט צעעפנט,
וויינען קינדער.

מיינע קינדער, ווי די טויבן, שלאָפן שטילערהייט.
— שלאָפט געזונטערהייט!
איך וועל וואכן דורך דער נאַכט,
און אייך באַוואכן שטילערהייט.

אויף איינמאָל האָב איך אייך דערוואַקסענע דערזען...
ווען איך וועל מער ניט זיין,
אַליין ווי איך, וועט איר דאַן
טראָגן אייער פיין.

ווינט, דו ווייַנענדיקער ווינט,
וואָס קומסטו מיך דערשרעקן?
מיינע קינדער שלאָפן שוין,
איך בעט דיך, זיי ניט וועקן.

עס האָבן ווינטן לאַנג צוריק
געוויינט אַזוי ווי דו;
גיי און זוך זיי אַלע אויף,
און לאָז אונדז שוין צורו.

איר קענט אייך קיינמאָל ניט צעטיילן —
איך צווישן אייך.
איך מוז אייביק שלום האַלטן —
קריג זיך מיט מיט אייך.

אויסער קריג, געשלעג און טומל
פעלט אייך אַלצדינג.
מוז איך אַלץ פּאַר אייך געפינען,
דריי זיך אין אַ רינג.

קוים וואָס איך דערלעב די רגע,
אַז איר זאָלט שוין גיין —
כאַטש איין ווײַלע, קינדערלעך,
לאָזט מיר זיין אַליין.

טרעט איר נאָר
פון הויז אַרויס,
וואַקסט פאַר מיר
דער שולוועג אויס.

יעדע גאַס
מיט איר געפּאַר:
טראַקס, מאַשינען
און די קאַר.

און דאָס האַרץ מײַנס
פול מיט שרעק
קוקט אײַך נאָך
דעם גאַנצן וועג.

אַז עס הייבט זיך אָן דער טאָג,
און די קינדער מיינע
גייען איינציקווייז
פון הויז אַרויס
צו די געפֿאַרן
פון דעם טאָג,
פון דער שטאָט —
שטיי איך פֿאַר דער טיר
און בעט צו דיר:
ברענג זיי, גאָט,
צוריק צו מיר
אומבאַשעדיקט
פֿונ׳ם טאָג,
פון דער שטאָט...

ווען עס קומט די נאַכט,
און דו
האָסט מיינע קינדער
מיר צוריקגעבראַכט,
אומבאַשעדיקט
פונ׳ם טאָג,
פון דער שטאָט —
דאַנק איך גאָט דיר
פאַר דער גאַנצקייט
פון מיין יעדן גליד,
פאַר דער רו
פון מיין געמיט.

קינדער מיינע,
וואָס וועל איך טאָן,
ווען פאָלק וועט אויפשטיין קעגן פאָלק ?
אויב אין נעכט פון צאָרן
וועט העליש פייער
הימלען שפּאַלטן —
וועל איך קענען
אייך באַהאַלטן ?
קינדער מיינע...

קינדער מײנע,
װעל איך קענען
אײך פֿאַרהיטן,
גאָט זאָל היטן און באַהיטן,
איר זאָלט ניט װי די אַלטע היטער
אין די נעכט,
אין קעלט און רעגן,
היטן שטײנער אויף די װעגן,
אַז איר װעט אַלט זײַן?
קינדער מײנע...

קינדער מיינע,
וואָס וועל איך טאָן
אויב איר וועט טאָן אַזוינס
— פאַרוואָס די וועלט באַשטראָפט

אָן אַ מאַמעס האַנט,
— אָן גאָטס גנאָד
ווי וועל איך קענען אייך פאַרהיטן,
גאָט זאָל היטן און באַהיטן
אייך פון בייז.

קינדער מיינע...

איך בין
ניט איינגעגאַנגען
אויף אַ שווערן לעבן
ווי מיין מאַמעס.

מאַטער איך זיך
אַלע מיינע יאָרן,
מיין לעבן
גרינג צו מאַכן.

מאַמע,
דאַכט זיך, אויף אַ רגע בלויז
פון הויז אַרויס,
האָט די טיר זיך צוגעמאַכט
און קיינמאָל מער זיך ניט געעפנט...

אָן דיינע בענטשלייכטער,
אָן דעם טאַטנס קידוש־בעכער
האָט מיין מזל מיך אַהער געבראַכט.

הינטער מיר ליגט פאַרשאָטן
דער וועג צו דיין וועג.
פאָרויס
מיינע קינדער,
דאָס פּנים צום שנייוווייסן, בלענדיקן דזשעז...

מאַמע,
אין קייט פון די אבות,
בין איך
דער איבערגעריסענער רינג
צווישן דיר
און מיין קינד.

עס האָט מיין גוטע מאַמע
מיר געלערנט
דעם וועג פון גאָט
און גוטע פרומע לייט;
עס האָט מיין גוטע מאַמע
מעשה'לעך דערציילט,
מעשה'לעך פון וואונדער,
מעשה'לעך פון שרעק און אבערגלויבן.

איך האָב שוין לאַנג
דעם וועג צו גאָט פארלאָרן,
אויך דעם וועג
פון גוטע, פרומע לייט.
נאָר אויב אַמאָל אין גאַס,
וועסטו
אויף איינמאָל שרעק אין מיינע אויגן זען —
זאָלסטו וויסן,
אַז אַ שוואַרצע קאַץ
איז דורכגעלאָפן.

מאַמע,
איך האָב זיך היינט
אויף דיין אָרט
אין מיין קיך דערזען...
דיין בלאַס געזיכט פאַרוויטלט,
אין טומל פון טעלער און טעפּ —
אין גאַנצן שטוב
איז יום-טוב׳דיקע רו.

פון עסצימער קלינגען
גלעזער, גאָפּל,
און רואיקע מאַנסבילשע רייד
וועגן וועלטלעכע זאַכן.

פון צייט צו צייט
שטעלסטו אָפּ דיין אַרבעט,
הערסט זיך איין
צו די מאַנסבילשע רייד,
און קלייבסט אויס
דעם טאַטנס קול...

גערוואָלט אָפּרוען ביינאַכט,
האָבן מענטשן אין זאַל
די שטאָט מיט זיך געבראַכט;
געטומלט און געלאַכט,
ווי ליכט,
וואָס בלענדט די נאַכט.

די רו
האָט געלעכטער נאָך געלעכטער
איינגענומען.

אַז דאָס לעצטע קול
האָט איינגעדרימלט,
האָב איך געהערט
ווי די שטילקייט
האָט געלאַכט,
און אויפגעוועקט די נאַכט.

עס וועט נאָך די זון
דיינע וועגן באַלייכטן,
אויף די וועגן פון זאַמד,
דעם זאַמד דיר צוגליען;

און וועט
אויף די וועגן פון שניי
דיינע אויגן דיר בלענדן...
עס וועט נאָך די זון
דיינע וועגן באַלייכטן!

אַן אויסגעשטרעקטע האַנט
ניט באַמערקט;
אַ וואָרט
ניט דערהערט —
אַ ניט־אָפּגעווישטע טרער
ביסטו,
עלענט מיינער!

װעט די נאַכט
פֿון שװאַרצער שרעק
פֿאַרטאָג אַװעק,
זיך באַהאַלטן
אונטער באַרג און שטײן —
װעט אַ שיפּעלע
זיך װיגן גרינג
פֿון װינט אַלײן...

דיר דאַכט אַמאָל,
אַז דיין טאָג וועט ציען
אַזוי גרוי און לאַנג,
און וועט דיר מער קיין נאַכט
ניט ברענגען;

דיר דאַכט אַמאָל,
אַז די גרויע וואָך
וועט ציען וואָכעדיק און לאַנג,
און וועט קיין שבת
דיר ניט ברענגען;

דיר דאַכט אַמאָל,
אַז קיינמאָל
וועט אַ מענטשלעכע האַנט
די ווייכקייט פון דיין האַנט
ניט פילן...

הינטערוועגנס
בלייבסטו שטיין ;
עס ברענט דאָס זאַמד
דיר ביזן ביין.

אויף די וועגן
הינטער דיר צעשפּרייט,
האָבן ווינטן
דיינע טריט פאַרווייט...

סאַי ביינאַכט,
סאַי ביטאָג —
לויף און יאָג
און דעריאָג —
דאָ דעם טאָג,
דאָ די נאַכט;
דאָ די נאַכט,
דאָ דעם טאָג;
דאָ — אַהער;
דאָ — אַהין,
דאָ — אַהין;
דאָ — אַהער
און ניט מער.

הענגען פענצטער
נאָנט צום טראָטואַר;
אין דערנענטערונג צו זיי,
ווענד איך אָפּ
מיין קאָפּ פון זיי.
נאָר די אויגן
רייסן זיך אַהין,
דורכן וועב
פון אַ גאַרדין;
זוכן
אַן אויפגעראַמטן צימער,
אויף אַ טיש
אַ לאָמפּ:
ביי דער שטילער ליכט פון לאָמפּ,
אַ מענטש
זאָל זיצן
געבויגן ביי אַ בוך...

טעג געגאַרטע,
טעג גענאַרטע,
טעג, איר בלויע,
טעג, איר גרויע —

אייער גיין,
אייער קומען
האָט נאָר אַלץ
פון מיר גענומען!

טעג באַשטראַלטע,
טעג, איר קאַלטע,
טעג באַשיינטע,
טעג באַוויינטע —

מיר געלאָזן
האָט איר נאָר:
פעדים זילבער
גרויע האָר...

אַלע רייד שוין אָפּגערעדטע,
אַלע מאָדעס אָפּגעטראָגן,
אַלע וועגן אויסגעטראָטן,
אַלע ווינטן — אויסגעווייטע;
אַלע פרייד — אויסגעפריידטע;
אַלע שטראַלן — אויסגעשיינטע,
אַלע טרערן — אויסגעוויינטע!

ווען איך גיי אַמאָל פאַרשפּעטיקט
מיט דער שפּעטקייט
פון דער נאַכט —
הילכן מיינע שטילע טריט
ווי די טריט פון פרעמדע גייער.

שרעקט מיך דער קלאַנג
פון מיינע טריט;
שרעקן מיך די פלעקן
פון שוואַרצע קעץ
מיט לאַנגע עקן,
אויף די קאַנען מיסט.

צווישן קלאַנגען
פון קעץ און טריט
שטייט אַ קעצל אינדערמיט,
שטייט עס גלאַט אַזוי,
מיטן פעלכל אויפגעבלאָזן
און דאָס קעפּל אָפּגעלאָזן —
שטייט עס אַט אַזוי,
און דערמאָנט מיך
אַן אַ קינד.

רעגן גיסט און גיסט,
שטאָט און גאַסן וויסט;
וואו־ניט־וואו,
ווען־ניט־ווען
קען מען אימיצן דערזען
גיין זיך לאַנגזאַם
אין דער גאַס,
ווי דער רעגן
איז ער נאַס;
מיטן רעגן
האַנט־אין־האַנט
גייט זיך לאַנגזאַם
זאלבענאנד...

ווי אַן איינציק אויסגעשריי
פון אַ לאַנג, פאַרשטיקט געוויין
— אין אַ שלאָפענדיקער שעה
וועט מיין געוויין פאַרגיין.

ווי דאָס לאַכן פון אַ קינד,
פון אַ ווייטן, גרינעם פעלד,
אַ רגע
— הילכט עס אָפּ די וועלט
וועט מיין לאַכן אויך פאַרגיין.

שווער די מי
דורכצוגיין דעם טאָג
אין שטילן טראַט
דורך דעם זודיקן געשריי
פון דער אָנגעגליטער שטאָט;

רינט דער שוויים
טראָפּ נאָך טראָפּ,
און קילט אונדז אָפּ.

פון די פענצטער,
פון די הייזער,
פון די גאַסן
פון דער שטאָט,
טרויערן
די אַלטע לייט
נאָך די קינדער,
די פאַרלוירענע,
לעבעדיקע,
טויטע...

איך ווייס ניט,
שוועסטער מיינע,
צי אַזוי דאַרף זיין,
צי ניט...

דו ווייסט דעם וועג
פאַר מיינע אומבאַשטימטע טריט;
איך ווייס ניט,
ניט דעם וועג פאַר מיר,
ניט דעם וועג פאַר דיר;
איך ווייס נאָר,
אַז ווען עס פעלט מיר ברויט אין שטוב,
און דו ביסט זאַט —
ליגסטו ביז שפּעט ביינאַכט אין בעט,
און שלאָפסט פאַר צער ניט איין
צוליב מיין פּיין...

און ווען דו מיינסט,
אַז מיר איז גוט —
שלאָפסטו ניט
אוים קנאה צו מיין גליק,
ווי דאַן,
ווען דו שלאָפסט ניט איין,
צוליב מיין פיין...

עס קען זיין,
איר וועט אין מיין שטוב אַריין;
איך וועל זיין.
נאָר אַ קעלט
וועט אייך באַגעגענען,
מיר וועלן איינס
דעם צווייטן זען,
און ניט דערזען.

נאָר דערנאָך,
איר
וועט שוין ניט זיין,
וועט שעה'ן לאַנג,
מיין הארץ מיר וויינען:
איר זייט געווען,
איך האָב אייך ניט געזען...

עס קען זיין,
איר וועט אין מיין שטוב אריין,
איך וועל ניט זיין —

וועט מיין גיריקייט נאך אייך
פון יעדן ווינקל
אייך די האנט דערלאנגען.
— זיצט...
וועלן אייך די שטולן בעטן.
דער טיש
וועט אונטערטעניק ווארטן:
— זעצט זיך לעבן מיר!
אין יעדן ווינקל
וועל איך זיין,
ווען איך וועל ניט זיין.

נאר דערנאך,
איך וועל קומען —
איר וועט שוין ניט זיין,
וועט שעה'ן לאנג,
דאס הארץ מיר וויינען:

איר זייט געוועזן,
איך האב אייך ניט געזען...

איך האָב היינט
אין מיין שטוב אַ מענטשן פאַרזען:
צום האַרץ ניט געווען.
דאָך,
אַ מענטש אין מיין שטוב געווען;
און אַז ער איז אונבאַמערקט אַוועקגעגאַנגען,
איז מיר באַפאַלן,
אַ פיינלעכער פאַרלאַנג,
אים צוריקברענגען,
און דאָס בעסטע פון מיין שטוב
אים אויפן טיש דערלאַנגען.

ווער איך האָבן
טרוקן ברויט —
ווערט עס אויף
מיין טיש זיין גרייט.
ווער איך האָבן ווין —
ווערט מיין טיש
מיט ווײַנען זיין.

איר ווערט קומען,
איר ווערט גיין,
גלייך ווי קיינמאָל
ניט געווען.

נאָר די ברעקלעך אויפן טיש,
און די גלעזלעך פונם ווין
ווערן די סמנים זיין...

ביים ברעג,
וואָס פירט צו שטעג און וועג,
האָט גאָט געשטעלט
מיין קליין געצעלט.

שטיי איך
פאַר דער טיר פון מיין געצעלט;
ברייטן וועגן זיך פאַר מיר,
פון גאָר דער וועלט.

אַז איך ווייס ניט דעם וועג
דיינע וועגן צו גיין —
טאָ לאָז, גאָט, מיין שטיבל
ביים ברעג דאָרטן שטיין.

און אַלע,
וואָס ווערן פאַרמאַטערט
פון גיין,
וועלן אַ שיין
אין מיין פענצטער דערזען —

די טיר וועט זיין אָפן,
קומט אַלע אריין,
רוט אָפּ;
זאָל דערפרייען
מיין שטוב
אייער זיין.

עס טרעפט אַמאָל,
איך גיי —
טוען אַלע גלידער וויי.
דריי איך זיך אַזוי פאַר ווייטיק,
קוים איך גיי,
און איך ווייס ניט
ווי אַזוי.

אויף איינמאָל
הער איך טריט נאָך מיר —
טוט זיך עפּעס אַזאַ ריר אין מיר,
טו זיך לעבעדיק אַ דריי —

הייב אָן גיין
לעבעדיק אַזוי,
און גיי, און גיי —
און ווייס ניט ווי אַזוי.

נעכטן,
ווען איך האָב דיר
די האַנט געגעבן,
און דו
האָסט מײַנע פֿינגער
אין דײַנע הענט געהאַלטן —
איז שיעור פֿאַר פֿרייד
מײַן האַרץ צוגאַנגען —
טאָ פֿאַרוואָס
בין איך באַליידיקט?

דו
דערמאָנסט מיר
אָן אַ שערבל,
וואָס אַ דורשטיקער
טרעפט אָן
ביים ברונעם;

נאָך איידער
ס'איז צום מויל דערגאַנגען,
איז דאָס וואַסער
אויסגערונען...

וועלט, ביסט גרויס,
און איך בין קליין —
ווער וועט אין דיין גרויסן יאָמער
הערן מיין געוויין?

פאַרוואָס, פונדערווייטן
זייט איר פרעמדע און קאַלטע געשטאַלטן?
צומאָל איז מיט צאָרן מיין האַרץ
איבערגעפילט קעגן אייך!

טרעף איך אייך ווידער,
קוק אייך נאָר אין די אויגן אַריין —
דערזע איך אַ לויטערן שיין...
ווער איך געלייטערט
אין נאָנטקייט פון אייך?
צי ווערט איר געלייטערט
אין נאָנטקייט פון מיר?

וואויל איז אייך, בלעטעלעך,
אַלע אינאיינעם:
באַשטראַלט אייך די זון —
גרינט איר אינאיינעם.
וויגט אייך דער ווינט —
אַלע אינאיינעם.
דערפרייט אייך איין פרייד,
און פאַרשווינט מיטן ווינט.

שלאָגט אייך דער ווינט
אַלע אינאיינעם.
פאַלט איר אַראָפּ —
פאַלט איר אינאיינעם;
געטראָגן פון ווינט,
און פאַרשווינט.

דרימלט איר איין,
אַלע איין דרימל,
באַדעקט אייך
איין הימל.

דו ביסט דער האַר
פון גאָר דער וועלט;
דו ווייסט דעם צער
פון גאָר דער וועלט.

לייג דיין האַנט
אויף אונדזער קאָפּ;
שיק דיין ברכה
אונדז אַראָפּ.

אין יעדן שטוב
זאָל שבת זיין,
געבענטשטע ליכט,
מיט פיש, מיט וויין.

איך ליב דיך
יעדע רגע פון מיין טאָג,
פאַר מיין גאַנצן הויזגעזינד,
פאַר יעדן גליד,
פון יעדן קינד...

וואָס דער טיש
איז זאַט געגרייט;
וואָס עס פעלט ניט
אויפן לייב קיין קלייד.

נאָר זיי מיר מוחל, האַר, דעם צער:
וואָס ווײנט אַראָפּ
פון מיינע ווענט...

איך
האָב דיך קיינמאָל ניט געזען;
אויב מיר איז באַשערט,
וועל איך
אָן דיין ערשטן קוק
וויסן, אַז אויף דיר
האָב איך געוואַרט;
און פון דיין האַנט,
ביים ערשטן ריר,
וועל איך
זיך עפענען פאַר דיר,
ווי אַ ניטגעלייענט בוך...
און הערן וועסטו
רייד אַזעלכע,
וואָס ניט איך און ניט קיינער
ביז דיר
האָט געהערט פון מיר...
ווי אַ זון
וועל איך אויפגיין
פאַר זיך אַליין,
און וועל דיך דערזען.

פאַרלאָז אונדז ניט, גאָט,
וואָס מיר פאַרלאָזן פאַרלאָזענע.

ניט פּייניק אונדז, גאָט,
וואָס מיר פּייניקן געפּייניקטע.

שעלט אונדז ניט, גאָט,
וואָס מיר שעלטן פאַרשאָלטענע.

דערהויב אונדז ניט, גאָט,
וואָס מיר דערהויבן דערהויבענע.

העלף אונדז ניט, גאָט,
וואָס מיר העלפן געהאָלפענע.

ניט אין טאַטע־מאַמעס דרכים
דין איך צו דיר;
ניט פון געבעט־בוך
בעט איך צו דיר:

מיין שווייגן רעדט צו דיר,
און דו פאַרנעמסט
מיין פאַרשוויגן געבעט.

מיינע ניט־געבענטשטע ליכט
לייכטן צו דיר
דורך מיינע אויגן.

דערמוטיק מיך, גאָט,
צו טראָגן באַליידיקונג.

שטאַרק מיך, גאָט,
צו טראָגן מיין שוואַכקייט.

גיב מיר כוח, גאָט,
צו קענען פאַלן.